## ביכער פון מיכל ליכט

**עגאָעמען** און אַנדערע לידער. ניו־יאָרק, פאַרלאַג „לאַגלען". תרפ"ב.

**וואַזאָן** פאַרלאַג „אידיש לעבן", ניו־יאָרק, 1928.

**פראָצעסיעס** און אַנדערע לידער. פאַרלאַג גאַליע, ניו־יאָרק, 1932.

**לעצטע לידער**, בוענאָס איירעס, 1954.

---

## איבערזעצונגען

**יורגען**, פון דזשיימס בראַנטש קעבל. פאַרלאַג „גראַהאַר און סטאַדאָלסקי", 1929, ניו־יאָרק.

**מאָדערנע אַמעריקאַנער פּאָעזיע**, פאַרלאַג גאַליע, בוענאָס־איירעס, 1954.

מיכל ליכט

# מאָדערנע אַמעריקאַנער פּאָעזיע

(איבערזעצונגען)



פאַרלאַג גאַליע
בוענאָס־איירעס
1954

# אינהאַלט

זייט

די אַמעריקאַנער ענגלישע פּאָעזיע איז מיכל ליכטן געווען זייער נאָענט. ווי אַ פּאָעט איז ער אַליין אויפגעקומען בעת איר רענעסאַנס. אָנגעהויבן זיין פּאָעטישן וועג האָט ער מיט לידער אין ענגליש, געדרוקט אין די מאָדערנסטע אַוואַן־גאַרד זשורנאַלן: „פּעיגען“, „פּלעיבאָי“, „סמאַרט סעט“ א. אַ. זיינע לידער אין ענגליש האָבן זיך געדרוקט אינאיי־נעם מיט שאַפונגען פון שפּעטער־געוואָרענע וויכטיקע פּערזענלעכקייטן אין דער וועלט־פּאָעזיע. ווען ער איז אינגאַנצן אַריבער אין דער יידישער פּאָעזיע, האָט ער זיך נאָך אַלץ טיף אינטערעסירט מיט יעדער דערשיי־נונג אין דער אַמעריקאַנער ענגלישער פּאָעזיע. איבערזעצונגען פון אַמע־ריקאַנער ענגלישע פּאָעטן זיינען דעריבער ביי אים ניט קיין צופאַל. ווען מע באַקענט זיך גענוי מיט זיי, דערזעט מען בולט ליכטס געשמאַק ווי אויך זיינע פּאָעטישע נייגונגען.

דאָס איצטיקע בוך איז ניט קיין אַנטאָלאָגיע. ניט אַלע פּאָעטן, פאַר־טראָטן אין דער זאַמלונג, רעפּרעזענטירן די מאָדערנע אַמעריקאַנער ענג־לישע פּאָעזיע. ליכט האָט ניט איבערגעזעצט די לידער אין אַ געוויסן סדר ווי ער וואָלט, למשל, געפונען אין אַ פּאַרטיקער זאַמלונג. ער האָט גע־לייענט אַלץ, וואָס איז דערשינען אין דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע. וואָס אים איז געפעלן געוואָרן, דאָס האָט ער איבערגעזעצט. מאַלקאָלם קאָוליס ליד „וואַליוטע“ האָט ער געלייענט אין „ברום“ (נאָוועמבער, 1922); האַרט קרעינס „אַפּישע“ האָט ער באַמערקט אין זשורנאַל „סיסעשאָן“ (נומער 4); מינאַ לאָיס לידער — אין חודש־זשורנאַל „דייעל“ (1921); קלאַראַ שאַנאַפּעלטס ליד — אין „ניו ריפּאָבליק“. אַמאָל האָט ער אויך געפונען די אָריגינאַלן אין ביכער — למשל, גלעדיס קראָמוועל, אַרענס־בערג. די אַלע פּרטים דערמאָנען מיר, כדי באַטאָנען, אַז די איצטיקע

זאַמלונג איז ניט קיין אַנטאָלאָגיע, נאָר אַן אויסדרוק פון ליכטס פּאָעטי־שעו' קרובהשאַפט.

פאַראַן אין דער זאַמלונג איבערזעצונגען פון אַזעלכע וויכטיקע און חשובע פּאָעטן ווי. טי. עס. עליאָט, וואַלאַס סטיווענס, דזשאַן גולד פלעטשער, מאַריאַן מור, וויליאַם קאַרלאָס וויליאַמז. אינאיינעם מיט זיי געפינען מיר אין דער זאַמלונג אויך איבערזעצונגען פון אַזעלכע כמעט אומבאַקאַנטע פּאָעטן ווי וואָלטער קאָנראַד אַרענסבערג, גלעדיס קראַמוועל, קלאַראַ שאַנאַפעלט. אויך די גוט־באַקאַנטע נעמען — זיי זיינען ניט געווען די איינציקע, וואָס האָבן געשטאַלטיקט דאָס מאָדערנע אַמעריקאַנער ליד זינט וואָלט הוויטמאַנען און עמילי דיקינסאָן, זינט וויליאַם וואָהן מודי, זינט עדווין אַרלינגטאָן ראַבינסאָן, אָדער גאָר זינט דעם גרויסן רענעסאַנס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט האַריעט מאַנראָאוס „פּאָועטרי" (1912). די לידער גופא זיינען אויך בלויז צום טייל כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדן דיכטער. עס קען זיין אַ ספק צי עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר מינאַ לאָי דאָס טיף־דיסציפּלינירטע פאַנטאַסמאַגאָרישע ליד „פּאָו (עדגאַר עלען)". סאַנדבורג, למשל, איז דאָ פאַרטראָטן מיט „די יוריסטן ווייסן צופיל". פילן מיר אין דעם ליד סאַנדבורגס ערלעכן, גבורהדיקן דעמאָקראַטיזם, צאָרנדיקן סאַרקאַזם. אין זיין ליד „קילע מאַוזאָלייען" געפינען מיר שוין גאָר אַן אַנדער סאַנדבורגן — דעם פּאָעט פון דינער בילדלעכקייט, דעם צאַרטן ליריקער. ליכט איז געווען גוט באַהאַוונט אין דער גאַנצער אַמעריקאַנער פּאָעזיע, פּונקט ווי אין סאַנדבורגס שאַפונגען. אין אַ רעפּרעזענטאַטיווער זאַמלונג וואָלט ער זיכער ניט דורכגעלאָזן סאַנדבורגס מעכטיק ליד „שיקאַגאָ" און זיינע אויסערגעוויינטלעך־צאַרטע אימאַזשיניסטישע לידער „גראָז" און „נעפּל".

מיט אָטאָ־די ביישפּילן האָבן מיר געוואָלט באַטאָנען ליכטס שייכות צו דער איצטיקער זאַמלונג. מיר באַקענען זיך טאַקע אין דעם בוך מיט אַ סך וויכטיקע מוסטערן, מיט גוטע איבערזעצונגען. אָבער וואָס שייך ליכטן ליגט דער ווערט פאַר אונדז אין דעם, וואָס זיינע איבערזעצונגען באַשטעטיקן ליכטס פּאָעטישע נייגונגען.

די נייע אַמעריקאַנער פּאָעזיע האָט בשעתה געקעמפט קעגן אָפּגע־ריבענע קלישייען, וואָס נאָכמאַכערס נוצן מעכאַניש. זי האָט ערלעך און אחריותדיק אָפּגעוואָרפן פאַרטיקע „זיסע זינגעוודיקייט“. „פּאָעטיזירונג“ איז געווען קעגן איר טיף ערנסטן און עכטן גאַנג אין לעבן. פּאָעזיע האָט מען דעמלט דערפילט אין דעם לעבעדיקן פאָלקס לשון. די פּשוטע טאָג־טעגלעכע גערעדטע שפּראַך, די כלומרשט אַנטי־פּאָעטישע שפּראַך, האָט אַנטפּלעקט פאַר די פּאָעטן אירע אוצרות. אַלץ איז דאָרטן געווען נאַטיר־לעך, חשוב, ערלעך, דעמאָקראַטיש און ברייטהאַרציק. אָט־די „אַנטי־פּאָעטיזירונג“־שפּראַך האָט דערוויזן, אַז „זיסע זינגעוודיקייט“ איז אַ סך גרינגער צו שאַפן איידער עכטע פּאָעזיע אין די ראַמען פון רעאַליזם און אין נאַטירלעכן גערעדטן לשון. פּאָעטישע איבערלעבונגען אין דער גע־רעדטער שפּראַך — דאָס איז געווען ליכטס אַן אייגנשאַפט. אַפילו ווען איבערלעבונגען און שפּראַך זיינען שפּעטער געוואָרן גאָר־גאָר קאָמפּלי־צירט, — איז די גערעדטע דיקציע און דער גערעדטער ריטם געבליבן דער יסוד פון דער מאָדערנער אַמעריקאַנער ענגלישער פּאָעזיע. אַ סך איבערגעזעצטע לידער אין דער איצטיקער זאַמלונג געהערן צו אָט־דעם מין.

ליכטס צווייטע אייגנשאַפט באַשטייט אין דער נייער בילדלעכקייט. דאָס איז אונטערבאַוואוסטזיניקע בילדלעכקייט, וואָס שפּיגלט אויך אָפּ אַ ניי דרויסנדיק לעבן. בילדער, וואָס שטאַמען פון טיפער פאַרטראַכ־טונג, נייע דערפאַרונגען און נייע איבערלעבונגען — אָט־די בילדלעכקייט האָט אויך ליכט געפּילט. און אין דער איצטיקער זאַמלונג פאַרנעמט די נייע בילדלעכקייט זייער אַן אָנזעעוודיק אָרט. נאָך מער שפּילן דאָ אַ ראָלע — די ווייטע פאַרבינדונגען צווישן בילד און בילד. דאָס ברייטערט אויס אונדזער פּאָעטישע דערפאַרונג. דאָס שאַפט אויך מער מעגלעכ־קייטן פאַר רמזים און סימבאָלן. און די סימבאָלן געהערן צו אַ נייער וועלט און אַ נייער סענסיטיווקייט. דאָס אַלץ פאַרפעסטיקט ליכטס אָרט אין דער נייער פּאָעזיע. נייע פאַרבינדונגען, נייע איבערלעבונגען

האָבן אויך געפּאָדערט נייעם אויסדרוק. און די וויכטיקייט פון דיסציפּלין איז שנעל געוואָרן קלאָר אַלע נייע פּאָעטן.

איבערזעצן לידער פון פרעמדע לשונות האָט געהאָלפן שאַפן אַזאַ דיסציפּלין. חוצדעם — מע האָט זיך באַקענט ווי אַזוי אַנדערע פּאָעטן געפינען נייע אויסדרוקן פאַר נייעם באַנעם. דיסציפּלין, אָבער, האָט ניט געמיינט סתם איבערטראָגן אַ פרעמד־שפּראַכיק ליד אין יידיש. ליכט האָט אויסגעצייכנט גוט געוואוסט דעם אונטערשייד צווישן „איבער־דיכטן" און איבערזעצן. דאָס ערשטע איז גרינג און ניט גערעכט צום פרעמדן ליד. דאָס צווייטע איז אויסערגעוויינטלעך שווער צו דערגרייכן. און ליכטס כוונה איז געווען ניט „איבערדיכטן", נאָר טאַקע איבערזעצן.

און ליכטס באַמיאונג — טאַקע איבערזעצן און ניט „איבערדיכטן" — האָט די פּאָעטעסע מאַריאַן מור אויסגעדריקט אין אַ בריוו צו ליכטן (אַפּריל, 1942): „...איך דאַנק אייך אַזוי שטאַרק פאַר אייער בריוו, דעם בריוו, וואָס איר האָט געשיקט איידער די איבערזעצונגען — און פאַר דער פאַכמענערישער, אינטענסיוו־דעטאַליזירטער אַרבעט. אין געוויסע פּרטים פאַרבעסערט עס דעם אָריגינאַל. מיך פרייט, וואָס איך קען גענוג דייטש צו כאַפּן די קראַפט פון געוויסע חריפותן און קענען צוגעבן דעם טעם פון דייטשן אַמאַלגאַם־פּרינציפּ — ווי אין „שלענג־באַצויבערער" און „עלף־ביינערנע". איר זייט בפירוש זייער פריינדלעך, וואָס איר האָט דערטראַכט פאַר מיר אַזאַ קלאָר פאַרשטענדלעכן עקוויוואַלענט אין יידיש".

עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז אַחוץ דער איצטיקער זאַמלונג אַמע־ריקאַניש־ענגלישע לידער האָט ליכט זיך פאַרנומען מיט נאָך אַנדערע אי־בערזעצונגען. ער האָט, אגב, איבערגעזעצט אַ סך ענגלישע לידער זיינע אין יידיש, און יידישע אין ענגליש. ער האָט זיי זייער גוט איבערגעזעצט, ווי עס באַווייזט דער רושם, וואָס עס האָט איבערגעלאָזן אויף די ענגלי־שע לייענער זיין ליד „ר' דודל" („דער מומע פּעסיען און דעם פעטער ישעיה"), געדרוקט אין „קאָמענטערי" (מערץ, 1954).

פון יידיש אין ענגליש האָט ער איבערגעזעצט איינצלנע אָדער עט־

לעכע לידער פון די פּאָעטן: מ. ל. האַלפּערן, ה. לייוויק, פּראַדל שטאָק, אורי צבי גרינבערג, דוד קעניגסבערג, מאַרק שווייד, יוסף לעווי, א. ליוצקי א. אָ.

פון רוסיש אין ענגליש האָט ער איבערגעזעצט לידער פון אַנדרעי ביעלי, סערגעי יעסענין, אַלעקסעי רעמיזאָוו און סערגעי גאָראָדעצקי.

פון פראַנצויזיש האָט ער איבערגעזעצט סולי פּרודאָמס עטלעכע לידער.

אין יידיש האָט ער איבערגעזעצט אַרטור רעמבאָס „די הענט פון זשאַן מאַרי" און ראָבערט פראָטצס „די פּאָמפּע וואָס האָט מער קיין פּיפּס ניט געטאָן" (אַריין אין זיין בוך „לעצטע לידער"). ער האָט זייער אַ סך צייט און מי אָפּגעגעבן איבערצוזעצן דזשעימז ברענטש קעבלס „יורגען" (אַרויס אין יאָר 1929). „יורגען" האָט אים פּאַראינטערעסירט מיטן איבערגעשפּיצטן, „סאָפיסטיצירטן" רעאַליזם און מיט דער פּאַרטראָגע־נער ראָמאַנטיק פון אַן אויסגעטראַכטער וועלט. נאָכמער האָט אים פּאַר־אינטערעסירט דזשעימז ברענטש קעבלס ספּעציפישע שפּראַך. ליכטן האָט געלאָקט צו געפינען פּאַסיקע יידישע עקוויוואַלענטן פאַר דער דאָ־זיקער שפּראַך.

ווי מיר זעען איז די אַמעריקאַנער ענגלישע פּאָעזיע געווען ליכטן זייער נאָענט. דורך די נייסן און שווערקייטן ביים איבערזעצן די לידער, אין דער איצטיקער זאַמלונג, האָט ער באַקענט דעם יידישן בעסערן לייע־נער און די ערנסטע פּאָעטן מיט אינטערעסאַנטע מוסטערן. (כמעט אַלע איבערגעזעצטע לידער האָט ער געדרוקט אין יאָר 1927, אין זשורנאַל „אונדזער בוך".) ליכט האָט אין די איבערזעצונגען אויך געשליפן דאָס יידישע וואָרט, זיך געוואוינט צו מער דיסציפּלין און באַשטעטיקט זיין אייגענע פּאָעזיע און זיינע פּאָעטישע זוכענישן.

נ. ב. מינקאָוו

עמילי דיקינסאָן

א

# דער שׂכל

דער שׂכל איז ברייטער פֿונעם הימל,
וואָרן, שטעל זיי, זייט לעם זייט
וועט איינער דעם צווייטן איינשליסן
גאַנץ לייכט, און דיך אויך.

דער שׂכל איז טיפֿער פֿונעם ים,
וואָרן, האַלט זיי, בלוי צו בלוי
וועט איינער דעם צווייטן איינזאַפּן
ווי עמער־שעפּ אַ שוואָם.

דער שׂכל איז פּונקט די וואָג פֿון גאָט,
וואָרן, וועגט זיי, ראַנג פֿאַר ראַנג,
און דער חילוק, ווען פֿאַראַן,
איז פֿון זילב צו קלאַנג.

ב

# דער שווייגערישער וואולקאַן

דער שווייגערישער וואולקאַן היט
זיין קיינמאָל־דרימלענדיקן פלאַן,
פאַרטרויט ניט זיינע צונטער־סכעמעס
קיין קווינקלענדיקן מאַן.

אויב נאַטור וויל ניט פאַרטרויען
יהוהס אָנפאַרטרוי צו איר
קען די מענטשלעכע נאַטור ניט ווייטער אָנגיין
אָן אַ צוהערער?

געוואָרנט פון אירע פאַרשנאָלטע ליפּן,
איר אַלע פלאַפלער, זייט,
דער איינער סוד, וואָס מענטשן האַלטן,
איז אומשטערבלעכקייט.

וואָלטער קאָנראַד אַרענסבערג

# VOYAGE A L'INFINI

דער שוואַן וואָס עקסיסטירט
איז ווי אַ ליד מיט אַן אַקאָמפּאַנימענט
אין איינבילד.

קוּווער דער גלאָזיקער אָזערע,
קוּווער דער אָזערע צו דעם שאָטן פון די ווערבעס,
איז ער אַקאָמפּאַנירט פון אַן אָפּבילד
— ווי דעבוסיס
"Reflets dans l'eau".

דער שוואַן וואָס איז
שטראַלט אָפּ

אויף דעם איינזאַמען וואַסער — ברוסט צו ברוסט
מיט דער טאָפּלקייט:
„ד ע ר  אַ נ ד ע ר ע ר !"
און ברוסט צו ברוסט איז ער צעמישט.
אָ, וויזיאָנערע הייראַט! אָ, פּראַכט פון דער פּראָצעסיע!
ער איז אַקאָמפּאַנירט פון אייגן אָפּבילד
בלויז.

ביינאַכט
איז די אָזערע אַ געראַמע שטילקייט
אָן איינבילד.

## וויליאַם קאַרלאָס וויליאַמס

# א

## בוים

דער בוים איז שטייף. די צווייג
וועלבט, וועלבט, וועלבט זיך *)
ביז צום באָדן. איר שפּיצל גרייכט
שוין די היטלען פון פאַרבייגייער,
קינדער שפּרינגען אונטער, וואַזשען דאַרויף —
בייסן זי איין. זי איז צעפוילט. זי
וועט זיין געדיכט מיט בליטן אין
פרילינג. דאַן וועט זי זיך אָפּברעכן
פון אייגענעם געוויכט צי פונם צופּן
פון די בליטנזוכער וועלכע וועלן
זי שענדן. באַפרייט פון דעם אומגנאָד
וועט דער בוים פאַרבלייבן, שטייפלאַך אויף.

---

*) וואַריאַנט:
בייגט זיך, בייגט זיך, בייגט זיך.

ב

## די רויטע טאַטשקע

אַזויפיל ווענדט
זיך אין

אַ רויט שיב
ווענל

גלאַזורט מיט רעגן
וואַסער

לעם די ווייסע
הינער.

ג

# פאָסטליוד

איצט אַז כ׳האָב זיך אָפּגעקילט צו דיר
זאָל שטאָטזיין גאָלד פון אָפּגעבליאַקטער מויערונג,
טעמפּלען געלינדערט פון דער זון ביז רואינען
וואָס שלאָפן פולשטענדיק.
גיב מיר אַ האַנט פאַר די טענץ,
אינדן ביי „פּילע״, אַריין אין אַרויס,
און ליפּן, מיין לעסביאַנערין,
וואַנט־בלומען וואָס זיינען געווען אַמאָל פלאַם.

דיינע האָר זיינען מיין קאַרפּאַגען
און מיינע אָרעמס דער בויגן
און אונדזערע ווערטער פיילן
צו שיסן די שטערן
וועלכע שווערמען פון דעם נעפּלדיקן ים
אונדז צו פאַרטיליקן.
אָבער דו ביסט דאָרט לעבן מיר
אָזוי, ווי זאָל איך זיך דערוועגן קעגן דיר
וואָס פאַרוואונדסט מיך ביינאַכט

מיט בריסט שײַנענדיק
ווי ווענוס און ווי מאַרס?
די נאַכט וואָס פילדערט יאזאָן
ווען די לאַרעמדיקע דאַך־רינעס קלאַפּערן
ווי מיט פאליעס איבער מיר
בלוי ביים שנאָבל פון מיין באַגער!
אָ, געבעטן אין דער פינצטער!
אָ, וואוילגערוך צו פּאָסעידאָן!
שטיל אין אַטלאַנטיס.

## א

## מעקסיקאַנער ווילדערניש

דער גרעבצנדיקער גייסט־יאָמער פון דעם לאָקאָמאָטיוו
נאָכשלעפנדיק זיין קלאַפּערדיקן הילצערנעם עק
אינם דזשאַז־אָרקעסטער זונפאַרגאַנג...

די בערג אין אַ ריי
שטעלן אַרויס שפּיצן פון גרויזאַמער איזאָלירונג
אונטער דעם אויסלענדישן הייסן הימל

געמיזע־קאַליקעס פון רעגנמאַנגל
שטירצן פאָרויס די דאָרשט־אַפּעלאַציע
אויפשפּאַלטנדיק די ערד
קאַטשאַן־פינגערדיקע קאַקטוסן
און געהאָרבטע פאַלמע־ביימער
צעקאַטעווען דעם אַש פון דעמער.

ב

## פאָו (עדגאַר אלאַן)

אַ לירישער היילגעטראַנק פון טויט

אײנבאַלזאַמירט
די שפּינדל־גייסטער פון דיינע זאַמד־זייגער ליבעס
אויף לבנה־צעשפּונענע נעכט
שטאַט אויס

באַלדאַכאָנען פון אייז־פלעכטלעך
פאַר טויטע קערפּערס פון דיכטקונסט
מיט רויזן און נאָרדליכט

וואו געפרוירענע נאַכטיגאַלן אין שטעך־פּאַלמע אַלייען
זינגען קבורה ריטואַלן

מ אַ ר י אַ ן  מ ו ר

## א
# ק ע ג ל ש פּ י ל ן

אויפן קעגל־שפּילפּלאַץ
מיט גואיא־האָלץ באַלן און עלפאַנטביינערנע מאַרקערס,
די פלעקלעך געפּאַסט אין „ווילדער קאַטשקע" פאָרמירונג.
און שנעל צעשליידערט:
לויט דעם מנהג פון אוראַלטער פאַרמאַליטעט
אויף אַן אָרט פון כינעזישער לאַקיר־שניצעריי,
שיכט נאָך שיכט אַנטבלויזט דורך חוש המישוש זיכערקייט און אומגעאיילטן איינשניט
אַזוי אַז בלויז אַזויפיל קאָליר זאָל זיך אַנטפּלעקן ווי ס׳איז נייטיק צום בילד,
ווער איך געוואויר אַז מיר זיינען מדקדק בחוט השערה —
גיט בירגער פון פּאָמפּעי אַרעטירט בעת דער האַנדלונג
ווי אַ קווערשניט פון דער אייגענער קאָרעספּאָנדענץ וואָלט געשיינט אָנצודייטן.

אָפּזאָגנדיק זיך פון אַ טאַקטיק פון לעפּישער אינדיפערענטקייט
צו אַלץ וואָס איז געזאָגט געוואָרן זינט מאַטילדעס צייטן,
וועל איך מיר איינהאַנדלען דעם עטימאָלאָגישן ווערטערבוך פון
מאָדערנעם ענגליש
אום כ׳זאָל פאַרשטיין וואָס ס׳איז געשריבן
און ווי די מוראַשקע און די שפּין
קריקקערנדיק פון צייט צו צייט צו דער הויפּט־קוואַרטיר,
וועל פאַרענטפערן די קשיא:
„פאַרוואָס איך האַלט פון ווינטער בעסער ווי איך האַלט פון זומער?"
און צוגעבן אַז עס עקלט מיך ניט
צו קוקן דראַמאַטורגן און דיכטער און ראָמאַניסטן גלייך אין פּנים —
אַז איך פיל פונקט דאָסזעלבע;
און איך וועל שרייבן צום אַרויסגעבער פון זשורנאַל
וואָס וועט „דערשיינען דעם ערשטן טאָג פון יעדן חודש
און פאַרשווינדן איידער מ׳האָט געהאַט די געלעגנהייט עס
איינצוהאַנדלען

סיידן מע איז פאָרזיכטיק געװוי,״
און זען זיך באַמיען צו געפעלן —
זינט דער יעניקער װאָס גיט גיך גיט טאָפּלט
זין קיין זאַך ניט אַזויפיל ווי אין אַ בריוו.

כ

## שלענג, עקדישן, שלענג-באַצויבערער וכו׳

איך האָב אַ פריינד, וואָס וואָלט געגעבן אַ פרייז פאַר יענע לאַנגע
פינגער אַלע פון איין לענג —
יענע אָפּשיילעכע פאַדזיורעס, פאַר יענעם עקזאָטישן שלאַנג און
דעם עקדיש
פּראָדוקטן פון דעם לאַנד, אין וועלכן אַלץ איז עבודת פרך, דאָס לאַנד
פון דעם גראָז־כאַפּער,
דעם פּאַקל־טרעגער, דעם הונט־באַדינער, דעם פּאָטשטן־טרעגער,
דעם איש־קדוש.
פאַרטאָן אין דעם מערקווירדיקן וואָרעם כמעט אַזוי ווילדן און
צערייצטן ווי דעם ערשטן טאָג פון זיין געפאַנגענשאַפט,
בליקט ער ווי אומפּעאיק צו קוקן אויף וואָס־ניט־איז מיט אַן אויג
אויף אַנאַליז.

„דער קנאָפּער שלאַנג פלינק גליטשנדיק זיך דורכן גראָז,
די אומגעאײלטע טשערעפּאַכע מיט איר געפלעקטן רוקן,
דער כאַמעלעאָן איבערגייענדיק פון צווייג צו שטיין, פון שטיין
צו שטרוי.״

האָט אָנגעצונדן זיין פאַנטאַזיע אַמאָל; זיין באַוואונדערונג אייניקט
זיך איצט אויף דעם.

דיק, ניט שווער, שטעלט זי זיך איצט אויף פון איר רייזע־קאַרב,
די וועזנטלעך גריכישע, די פלאַסטישע חיה, אינגאַנצן איין גוס,
פון נאָז ביז עק;
מען איז געצוואונגען זי צו באַטראַכטן ווי די שאָטנס פון די אַלפּן
פאַרהאַפטנדיק אין זייערע פאַלדן ווי פליגן אין בורשטין, די ריטמען
פון דעם גליטשרינק;
די חיה צו וועלכער, פון קדמונים, איז צוגעהאַפט אַ וויכטיקייט,
פיין ווי אירע פאַרגעטערער האָבן באַהויפּט — צוליב וואָס האָט
מען זי אויסגעטראַכט?
צו ווייזן אַז ווען דער פאַרשטאַנד אין זיין ריינער פאָרם
האָט זיך אַוועקגעשיפט אין אַ געדאַנק־ווענד וואָס איז אומפּראָדוקטיוו,
וועט ער זיך קריקקערן?
מיר ווייסן ניט; די איינציקע באַשטימטע זאַך וועגן דעם איז איר
געשטאַלטונג, אָבער צו וואָס פּראָטעסטירן?
די ליידנשאַפט צו מאַכן מענטשן קלאָר איז אין און פאַר זיך אַן
איבלדיקע קרענק.
ווידערווילן וואָס נעמט זיך אַליין קיין קרעדיט ניט איז צום בעסטן.

קאַרל סאַנדבורג

## א

## אַוועק

יעדער איינער האָט ליב געהאַט טשיק לאָרימער אין אונדזער שטאָט.
וויט אַרום
האָט יעדער איינער זי ליב געהאַט.
אַזוי האָ'מיר אַלע ליב אַ ווילד מיידל וואָס האָט אַן אָנהאַלט
אויף אַ פון־איר־באַגערטן חלום.
קיינער ווייסט ניט איצט וואוהין טשיק לאָרימער איז אַוועק.
קיינער ווייסט ניט פאַרוואָס זי האָט פאַרפאַקט איר קאסטן...
עטלעכע אַלטע זאַכן

און איז אַוועק.
אַוועק מיט איר מאָרדעטשקע
אַרויסגעשטעלט פאָרויס זיך
און אירע ווייכע האָר אַפירבלאָזנדיק מונטער
פון אונטער איר ברייטן הוט,
טענצערן, זינגערן, אַ לאַכנדיקע אייפעריקע געליבטע.

האָבן עס צען אָדער צוואַנציק מענער אַרומגעזוכט טשיקן?
זיינען עס געווען פינף אָדער פופציק מענער מיט צעווייטיקטע הערצער?
יעדער איינער האָט ליב געהאַט טשיק לאָרימער.
קיינער ווייסט ניט וואוהין זי איז אַוועק.

ב

# די יוריסטן ווייסן צופיל

די יוריסטן, באַב, ווייסן צופיל.
זיי זיינען שמעלקע־שבשמעלקע מיט דעם אַלטן דזשאַן
מאַרשאַלס ביכער.

אַלץ ווייסן זיי, וואָס אַ טויטע האַנט האָט געשריבן,
אַ שטייפע טויטע האַנט און אירע געלענקען ברעקלענדיק,
די ביינער פון די פינגער אַ דין ווייס אַש.
די יוריסטן ווייסן
אַ טויטן מאַנס געדאַנקען צו גוט.

אין די פּיאַטעס פון די שאַכערדיקע יוריסטן, באַב,
צופיל גליטשיקע אויבס און נאָרס און דאָכס,
צופיל פריערדערמאָנט סיידן אַזויווי,
צופיל טירן אויף אַריין און אַרויס.

ווען די יוריסטן פּאַרטיקן זיך אָפּ
וואָס בלייבט איבער, באַב?
קאָן אַ מויז דאָרט אַ דזיאָב טאָן
און געפינען גענוג אויף אַריינצושטעקן אַ ציינדל?

פאַרוואָס קומט שטענדיק פאָר אַ געהיים געזאנג
ווען אַ יוריסט „גיט אָפּ די קאַפּאָטע?"
פאַרוואָס כּיכּעט אַ טויטנוואָגן־פערד
פאַרשלעפּנדיק אַ יוריסט?

די אַרבעט פון אַ ציגללייגער פאַרגייט אין הימל־בלוי.
דער אויפּטו פון אַ מויערער געדייט אַ שאָק מיט יאָרן.
די הענט פון אַ פּלאַסטערער האַלטן אַ חדר צוזאַמען.
דאָס לאַנד פון אַ פּערמער באַגערט אים צוריק.
זינגער פון לידער און טרוימער פון שפּילן
בויען אַ הויז וואָס קיין ווינט צעבלאָזט ניט.
די יוריסטן — זאָג מיר פאַרוואָס כּיכּעט אַ טויטנוואָגן־פערד
פאַרשלעפּנדיק די ביינער פון אַ יוריסט?

ג

## קילע מאַווזאָלייען

ווען אייבראַהאַם לינקאָלן איז אַריינגעשאַרט געוואָרן אין מאַווזאָליי,
האָט ער פאַרגעסן די „קופּער שלענג" און דעם מערדער... אין
שטויב, אין קילן מאַווזאָליי.

און יוליסעס גרענט האָט פאַרלאָרן יעדן זכר פון „צוטרוי־יונגען"
און וואָל סטריט, מזומנים און אַקציעס פאַרוואַנדלט אין אַש...
אין שטויב, אין קילן מאַווזאָליי.

פּאָקאַהאָנטאַס' גוף, שיין ווי אַ טאָפּאָל, זיס ווי אַ רויטע יאַגאָדע אין
נאָוועמבער אָדער אַ פּאַפּאַיע אין מאַי, ט'זי זיך געוואונדערט?
געדענקט זי?... אין שטויב, אין קילן מאַווזאָליי?

נעם וואָס פאַראַ געסל מענטשן וואָס קויפן איין קליידער און שפּייז,
דערמוטיקן אַ העלד אָדער וואַרפן קאָנפעטי און בלאָזן אויף
ציינערנע האָרנס... זאָג מיר צי געליבטע פאַרשפּילן... זאָג מיר
צי ווער קריגט מער פון געליבטע... אין שטויב, אין קילן
מאַווזאָליי.

## װאַלאַס סטיװענס

### א

# דער פֿויגל מיט די קופּערנע און שאַרפֿע נעגל

פֿונאויבן איבערן װאַלד פֿון פּאַראַקיטן,
אַ פּאַראַקיט פֿון פּאַראַקיטן האָט די אויבערהאַנט,
אַ פּופּיק לעבן אינמיטן אַ װיידלדיק טויטלאַנד.

(אָרום — די רודימענטן פֿון די טראָפּיקס,
אַ באַר פֿון זשאװער שאָלעכץ, און פֿון עלפֿאַנטביין אלאַי).
װייס זיינע לעדלעך זיינען װייל די אויגן בלינד אַזוי.

ער איז ניט פּאַראַדיז פֿון פּאַראַקיטן,
פֿון זיין גאָלד עפּיר, אַ גאָלדענער אלגואזיל,
דערפֿאַר בלויז סיידן װאָס ער זיצט פֿאַרטיפֿט דאָרט און איז שטיל.

אַ פעדערבינט אויף פעדערבינט, מאַרשירן
זיינע עקן אויף, אויס, אין גרין־אויסגעדיינטע פורעמס,
זיין שפּיץ אַ טראָפּן וואַסער פול מיט שטורעמס.

נאָר כאָטש די טומלענדיקע פאַרבן כוואַליען
ווי זיין אינטעלעקט דער ריינער ווענדט אָן זיינע רעגל,
באַוועגט ער זיך ניט אויף די קופּערנע און שאַרפע נעגל.

ער קייט אַ דאַרע שאָלעכץ בעת ער שטרענגט אָן
זיין ווילן, דאָך הערט ער קיינמאָל ניט אויף, פּערפעקטער האָן,
אויפצושלעשטשען, אין זיין פעלזס פאַרבלאָסטקייט פון דער זון.

ב

# טאַטן

דאָס ליכט איז ווי אַ שפּין
עס פּויזעט איבערן וואַסער,
עס פּויזעט איבער די ראַנדן פון דעם שניי.
עס פּויזעט אונטער דיינע אויגנלעדלעך
און פאַרשפּרייט זיין געוועב דאָרט —
זיינע צוויי געוועבן.

די געוועבן פון דיינע אויגן
זיינען צוגעהעפט
צו די פלייש־און־ביינער דיינע
ווי צו קראָקוועס אָדער גראָז.

פעדימלעך פון דיינע אויגן זיינען
אויף דער אויבערפלאַך פון וואַסער
און אין די ראַנדן פון דעם שניי.

ג

# ליד

גרויסע זאַכן פּאַסירן
אין דער וועלט,
מיין קראָליקל.
ס'איז פאַראַן אַ פריילן
זיסער ווי דער קלאַנג פון ווערבע
טייערער ווי פלאַך וואַסער
פּליסנדיק איבער זאמדשטיינדלעך.
זונטיק
טראָגט זי אַ לאַנגן מאַנטל
מיט צוועלף קנעפּלעך אָנגעניייט.
דערצייל דאָס דיין מאַמען.

ד

# לעצטע בליקן אויפן בעז

צוליב וואָס, אין די אַלייען פון די לילא־ביימער,
אָ קאַליפּער, קראַצסטו דיינע הינטערטיילן
און דערציילסט דיין געטלעכער נאַאיווקייט, דיין באַגלייטערן,
אַז דאָס בליען איז דאָס בליען פון זייף
און דער גערוך דער פלאַנצאַרטיקער גערוך?

מאָלסטו זיך אַז ס׳מאַכט איר אויס אַ ברעקל,
אין דער הימענעאישער לופט, וואָס דאָס איז אַזוינס
וואָס הייראַט איר אומשולד אויף דעם אַרט,
אַזוי אַז איר נאַקעטקייט איז נאָענט,
אָדער אַז זי וועט זיך אָפּשטעלן ביי געמיינע ווערטער?

אָרימער בופאָ! קוק אויף דער בלאַסער לילא
און קוק דאָס לעצטע מאָל און קוק נאָך צו אָן אָפּווענד
און זאָג ווי קומט עס וואָס דו זעסט

גאָרניט אויסער מיסט און וואָס דו פילסט ניט מער
איר לייב ציטערנדיק אין דעם בלומענרייך
צו דער קילער נאַכט־צו און איר פאַנטאַסטישן שטערן,
אורשפרונג פאַראַמור און געגארטלטער פאַראַגאָן,
גוט־באַשטיוולט, שאָרסקע, שטאָלץ מענלעך,
פאַטראָן און אָפּשפּיגלער פון דעם גאָלד דאָן זשואן,
וועלכער ט׳זי אומארמען איידער זומער קומט.

ה

## שימחת אַנטקעגן שוואַנען

די נשמה, אַ גאַנערס, פליט ווייטער פון די פּאַרקן
און פיל ווייטער ווי די סכסוכים פון דעם ווינט.

אַ בראָנזענער רעגן וואָס נידערט פון דער זון אַראָפּ
באַצייכנט דעם טויט פון זומער, וואָס יענע צייט האַלט אויס

ווי איינער וואָס קריצט אַ גלייכגילטיקע וידוי
פון גאָלדענע ציקעלעך און פּאַפּישע קאַריקאַטורן.

אָפּזאָגנדיק בירושה אייערע ווייסע פעדערן דער לבנה
און אייערע זאַנפטיקע באַוועגונגען דער לופט.

זעט! אויף די לאַנגע פּאַראַדן טוען שוין די קראָען
זאַלבן מיט זייער אָפּפאַל די סטאַטועס.

און די נשמה, אַ גאַנערס, איינזאַם זייענדיק, פליט
ווייטער ווי אייערע קילע רייטוועגן, אין די הימלען.

ו

# שטערן אין טאלאפוזאַ

די ראנדן זיינען גלייך און פלינק צווישן די שטערן.
די נאַכט איז ניט די וויג וואָס זיי שרייען,
די שרייער, כוואליענדיק די טיף־אָקיונוס פּראַזע.
די ראַנדן זיינען צופיל טונקל און צופיל שאַרף.

דער מוח דערין דערגרייכט איינפאַכקייט.
ניטאָ קיין לבנה, קיין איינצל באַזילבערט בלעטל.
דער גוף איז ניט קיין גוף געזען צו זיין
נייערט איז אַן אויג דערלערנענדיק זיין שוואַרץ לעדל.

זאָלן זיי זיין דיין גענוס, געהיימער יעגער,
בראָדזשיענדיק די ים־ראַנדן, פייכט און אַל־געמישט,
באַשטייגנדיק די ערד־ראַנדן, לאַנג און לויז, לעטארגיש.
די ראַנדן זיינען פלינק און פאַלן אָן אויסאנאנדערלויף.

דער קאַוואָן־צוויט, ניט טוי און ניט געוועב אוועמעס,
איז ענלעך צו זיי. נאָר אין דיר איז ענלעך:
אַ גאַרב בריליאַנטע פיילן פליענדיק גלייך,
פליענדיק און פאַלנדיק זאָגלייך פאַר זייער פאַרגעניגן,

זייער פאַרגעניגן וואָס איז דורכויס העל־קאַנטיק און קאַלט;
אָדער, אויב ניט פיילן, דאַן דער פלינקסטער אויסריר,
מאַכנדיק צום אויסהיילן יונגע נאַקעטקייטן
און די פאַרלאָרענע האַפט וואָס די מיטנאַכט האַלט.

ט. ס. עליאָט

א

## גאַלאַנטער געשפּרעך

איך באַמערק: „אונדזער לאקרעצזיסער פריינט די לבנה — אָן
אָדער גאָר (פאַנטאַסטיש, בין איך מורה גערן)
ס׳קאָן זיין פּרעסטער דזשאַנס באַלאָן,
אָדער אָן אויפגעהאנגענער געשעדיקטער לאַמטערן
צוצולייכטן בידנע נע־ונדס צו זייער מזל־קראַך".
זי דאַן: „ווי ניט צו דער זאַך!"

דאַן איך: „אויף די קלאַווישן פורעמט ווער
דעם אויסגעצייכנטן נאָקטורן מיט וועלכן מיר
פּאַרטייטשן נאַכט און לבנה־שיין; מוזיק אין וועלכער מיר
כאַפּן זיך אָן אום אויסצודריקן אונדזער אינערלעכע לער".
זי דאַן: „מיינט דאָס מיך?"
„אַך, ניין, דאָס נישטיקע בין איך".

„איר, מאַדאַם, זייט דער אומפאַרגעגגלעכער
הומאָריסט, דער אייביקער פיינט פון אַבסאָלוט, גיבנדיק
דעם מינדסטן קנייטש אונדזער שטימונג, דער בראָדיאַגישער!
מיט אייער מיטהילף, גלייכגילטיק און העזהדיק,
אונדזער פאַרווירטע דיכטערשאַפט מיט איין קלאַפּ צונישט צו מאַכן...“
און — „נעמען מיר דען אַזוי ערנסט זאַכן?“

ב

# דער היפּאָפּאָטאַם

דער רוקנברייטער 'פּאָפּאָטאַם
אויף זיין בויך אין בלאָטע רוט;
פעסט ווי ער דאַכט אונדז אויס צו זיין
איז ער בלויז פלייש און בלוט.

פלייש־און־בלוט איז שלאַבעריק, שוואַך,
פון נערוונשטרויכל קאָנדיצירט;
די קירך איז אויסער מינדסט געפאר,
ווייל זי איז אויף אַ פעלז באַזירט.

ס'קאָן גרייזן היפּאָס לויזער שריט
אין אַרומנעם פון מגושם־תכלית;
אַ ריר טאָן דאַרף די קירך זיך ניט
צונויפצוזאמלען אירע נחלות.

ד׳ערגרייכן קאָן ניט ווען דער ׳פּאָטאַם
די מאַנגא אויף דעם מאַנגאָשטאַם;
נאָר פרוכט פון פערעשקע און מילגרוים
דערקוויקט די קירך פון איבערן ים.

דער היפּאָס קול אין פּאָרונגצייט
איז הייזעריק און זונדערבאַר;
נאָר יעדע וואָך ז׳ די קירך דערפרייט
פון שמעלקעשאָפט מיט גאָט דעם האַר.

ד׳עם ׳פּאָטאַמס טאָג פאַרגייט אין שלאָף —
ביינאַכט לאָזט ער זיך אויף געיעג;
די קירך (גאָטס ווערק איז נס אין־סוף)
קאָן עסן און שלאָפן אין־איין־וועג.

כ׳האָב דעם ׳פּאָטאַם געזען אויפשווינגען
אויפשטייגנדיק פון פייכטע זומפן,
ענגל־כאָרן אַרום אים זינגען
די לויב פון גאָט, אין יובל בונטן.

ריינוואַשן וועט אים בלוט פון לאַם,
ס׳וועלן הימלאָרעמס אים הילן האָלט,
געזען וועט ער צווישן קדושים זיין,
שפּילנדיק אויף אַ האַרף פון גאָלד.

ער׳ט ווייסגעוואַשן זיין ווי שניי,
געקושט פון מאַרטער־בתולות רימל;
בעת דאָ אונטן בלייבט די קירך
געהילט אין אַלטן נעפּל־שימל.

עזראַ פּאַונד

# א

# אַלאַבאַסטער

די פרוי אין ווייסן באָד־טוך וואָס זי רופט פּעניואַר,
איז, קעגנוואַרטיק, די געליבטע פון מיין פריינט,
און די דעליקאַטע ווייסע פיס פון איר קליינעם ווייסן הונט
זיינען ניט מער דעליקאַט ווי זי איז,
אויך וואָלט גאָטיע אַפילו ניט געווען פאַראַכט זייערע
קאָנטראַסטן אין ווייסקייט
ווי זי זיצט אין גרויסן שטול
צווישן די צוויי שלעפעריקע ליכט.

ב

# א מיידל

דער בוים האָט אַרייַנגעדרונגען אין מיינע הענט,
די זאַפט האָט אויפגעשטיגן אין מיינע אָרעמס,
דער בוים איז געוואקסן אין מיין ברוסט —
אַראָפּצו,
די צווייַגן וואַקסן אַרויס פון מיר ווי אָרעמס.

בוים ביסטו,
מאָך ביסטו,
ביסט וויאָלעטן מיט ווינט איבער זיי.
אַ קינד — אַ זוי די הויך — ביסטו,
און דאָס אַלץ איז לייכטזין פאַר דער וועלט.

ג

# אַן אָפּמאַך

איך שליס מיט דיר אַן אָפּמאַך, וואָלט וויטמאַן —
איך האָב דיך פאַראָפּשייט לאַנג גענוג.
איך קום צו דיר ווי אַ דערוואקסן קינד
וואָס האָט געהאט אַ דיק־קעפּיקן פאָטער;
איך בין אַלט גענוג קאָנטשאַפט אָנצובינדן.
טאַקע דו האָסט אָוועקגעלייגט די יונגע דעמבעס,
שוין צייט איצט זעגן און שניצן.
מיר זיינען איין זאַפט און איין וואָרצל
לאָמיר אָנפירן מסחר צווישן זיך.

ד

# דאָס בוידעמשטיבל

קום, לאָמיר באַדויערן יענע וועלכע זיינען בעסער־אָפּ פון אונדז.
קום, מיין פריינט, און גערענק
אַז די רייכע האָבן משרתים און ניט קיין פריינט,
און מיר האָבן פריינט און ניט קיין משרתים.
קום, לאָמיר באַדויערן די פאַרהייראַטע און אומפאַרהייראַטע.

דער באַגין טרעט אַריין מיט קליינע פיס
ווי אַ געגילטע פּאַוולאָווא,
און איך בין לעבן מיין באַגער.
אויך אַנטהאַלט ניט ס׳לעבן עפּעס בעסערס
ווי די שעה פון קלאָרער קילקייט,
די שעה פון אויפוואכן זאַלבאַנאַנד.

ה

# דער גאָרטן

ווי אַ קנויל לויז זייד צעבלאָזן קעגן דער וואַנט
שפּאַצירט זי ביים פּאַרענטש פון אַ סטעזשקע אין די
קענסינגטאָן גערטנער,

און זי גייט אויס ביסלעכווייז
פון אַ מין עמאָציאָנעלער אָרים־בלוטיקייט.

און אַרום דאָרט איז אַ כאַליאַסטרע
פון די שמוציקע, קרעפטיקע, אומפאַרשאָדנדיקע זויגלינגס
פון די גאָר אָרימע.
זיי וועלן אַרבן די ערד.

אין איר איז דער סוף פון דערציאונג.
איר לאַנגווייל איז פּראַכטפול און איבערמעסיק.
זי וואָלט וועלן עמיצער זאָל אויסריידן איר,
און אין ווי צעשראָקן אז איך
וועל באַגיין די אומבאַשיידנקייט.

ז

## ITE

גייט, מיינע לידער, זוכט אייער לויב ביי יונגע
און אומטאָלעראַנטע,
פאַרקערט צווישן ליבהאָבער פון פּולקאָמענקייט בלויז.
זעט שטענדיק צו שטיין אין שטרענגן סאָפּאָקלישן שיין
און נעמט אָן די וואונדן דערפון באהבה.

ז

## ניו־יאָרק

מיין שטאָט, מיין געליבטע, מיין ווייסע!
אָה, שלאַנקע,
האָרך! פאַרנעם צו מיר, און איך וועל אַריינהויכן אין דיר אַ נשמה,
צאַרט אויפן שאַוואַרפייפל, פאַרנעם צו מיר!

איצט טו איך וויסן אַז איך בין פאַרווירט,
וואָרים דאָ גיט אַ מיליאָן מענטשן פאַרזויערט פון האנדל־וואַנדל;
דאָס איז קיין בתולה ניט.
אויך וואָלט איך ניט קאָנען שפּילן אויף וואָס פאַר אַ פייפל
ווען איך באַזיץ אַזוינס.

מיין שטאָט, מיין געליבטע,
דו ביסט אַ יונגפרוי אָן בריסט,
ביסט שלאַנק ווי אַ זילבערפייפל.
האָרך, פאַרנעם צו מיר!
און איך וועל אַריינהויכן אין דיר אַ נשמה,
און דו וועסט טאָן לעבן אייביק.

ד ז ש אָ ן  ג ו ל ד  פ ל ע ט ש ע ר

# דער טייך פליסט

אויפשטראָמענדיק מיט באַגינען,
רינענדיק אין שטילקייט אַף איבער אַ לאַנגזאמען טייך,
צווישן צוויי ברעגן פאַנאַנדערגעטיילט
וואָס האָבן געהאַלטן דעם זומער צווישן זיך פעסט אויף אייביק,
האָב איך געזען די פאַפּלביימער
צוריקטרעטנדיק סאוטה־צו,
די אָרעמס פון קיפּער*)
באַרירן דעם האָריזאָנט,
די גרויסע ווייסע פעליקאנען
העט־ווייט, פאַטשן און פלאַטערן מיט זייערע אויסגעשפּרייטע פליגל.

אין קאַיראָ זיינען שערענגעס קאָרן געשטאַנען ווי אַ פעדערן־באַצירטע
אומשטערבלעכע אַרמייע.

---

*) וואַריאַנט:
קיפּאַריסן

מיר — געשוואומען אין אַ זונפאַרגאַנג פון ראָזער היץ.

אַ באַרזשע — געהאנגען ביי דער זייט באַלאָדן מיט גרינע קאָווענעס,
אַ צונטערער וויינריב אויף אַ געקאַלכטער וואַנט.

אין סט. לואי האָ׳מיר געוואַרט דעם גאַנצע פרימאָרגן מיט
דעם רויש פון די לאַסטוואָגנס דורכשניידנדיק קווער
די ברוקשטיינער,

דער טייך דורכקרויזנדיק די גרויסע געוועלבטע באַלקנס פון
בריק איבער אונדז,

די מוילאייזלען שמייסנדיק מיט די אויערן קעגן די פליגן.

וויקסבורג, פון געלע משופע ברעגן, נאַטשעז פון פאַנאַנדערגעוואָרפענע
הייזער —

די פלאַכע ברעגן וואָס מיר האָבן נאָכגענישטערט אין דער פינצטער.

אין ניו־אָרלינס האָ׳מיר זיך באַפעסטיקט ביי דער דאמבע
אין דער שטילקייט פון אַ פרימאָרגן.

און דערוואַכט צו זען די שטאָט רייניגוואַשן פון
קאָלירלאָזן באַגינען;

די שטאָט אַמאָל געזעענע אין אַ מיטנווינטער רום, איצט
פאַרשלאָפן אין סמאַליענדיקער שווייגזאמקייט.

דער בלאָסער געררוך פון פּאַטשולי איז געהאַנגען איבער דעם,
פון געבלומטן זייד און וואַקסנווייסע תּפילות.

און דער טייך האָט מיך אַ נעם געטאָן —
דער טייך וואָס האָט געשטראָמט דורך מײַנע טרוימען און
וואָס ציט זיך אַלץ נאָך דורך מײַן האַרץ,
דער מענלעכער געלער מיסיסיפּי ווען די באַנען האָבן
געמאַכט צו פּאַרגעסן,
דער טייך פון שפּאַנישע אויספּאָרשער, פון ראָרן און פּאַרפּלייצונגען,
דער שטעג פון שטרייט וואָס האָט
דורכגעשניטן דאָס האַרץ פון מײַן סאָוטה.

איך האָב עס איינמאָל געזען — און זע עס איצט אייביק.
וואָרים מיט דעם קינפטיקן פרילינג
איז געקומען די צייט צו ציען,
צוריק צו דער גרויער אייראָפּע
שווידערנדיק אונטער דעם פינצטערן וואָלקן וואָס איז געהאַנגען גיריק
באַלאַנסירט איבער איר.

מאַנהעטן, רחבותדיקע און דרייסטע, איז פאַרשוואונדן —
די ברייט־שאָטנדיקע סאוטה שטאָט וואָס איך האָב האָלט
געהאַט, האָט אויסגעוועפּט פון געדעכעניש —
דער טיפער נעפּריט פון די רויטלעכע ביימער אַרום סאַן־פראַנציסקאָ,
די גליאיקע פייערן פון זייערע שטאַמען,
זיינען פאַרווישט געוואָרן,
די שטיינערדיקע משופּע בערגלעך פון ניו־ענגלאַנד, זייערע
שיטערלעכע ווייסע פערמעהייזער, האָבן נאָכגעפאָלגט —
די שטייפע גרויע גאַסן פון שיקאַגאָ, אַנטלויפנדיק אומברחמנות אין
דער ווילדער בלויער אָזערע,
דידאָזיקע האָבן מיך צוריקהאלטן ניט געקאָנט.
עס איז אויף זיי אַראָפּ די שטילקייט פון אַ גרין־ביימערדיקן האַפן,
טעראַסירטע גאַסן און גלאָקנטורעם ביי דעם ברעג,
סקעלעט שיפלעך אין אַ סאַלוט־פּאָזיציע
אינמיטן אַ וועלט פון קריג.

מאַלקאָלם קאַולי

# א

## אין אויטאָמאַט: איינס בייַנאַכט

מיין גאַנץ לעבן בין איך פאַרטאָן אין אַזעלכע זאַכן:
סענסאַציאָנעלע טראַגעדיעס און ווינקלצימער,
אומצוכטיקע אַלטוואַרג־שעפער,
שאָרכן הינטער פאַרמאַכטע טירן, אַמורן
גראַציעזע, לייכטע, אומקאָנסעקווענטע אינם טומל.

אין אָרימקייט־סטאַטיסטיק, אין יונגעלייט —
ביליק־באַרימעריש אין דעם צושניט פון זייערע ביליקע אַנצוגן,
אין יונגע פרויען, וואולגאַר אין זייער אָנציענדיקער שיינקייט,
אין יונגען און מיידן וואָס קומען זיך צונויף ווי קעץ אויף הינטערטירן —
האָב איך געפונען אַ ים מיט פאַרשייטן פאַרגעניגן.

דאָך, היינט ביינאַכט, מיט דער אויטאָמאַטישער פּיאַנאָ
וואָס שפּילט וואַריאַציעס פון „אַך־שוין־צייט־א־מענטש־צו־ווערן״ מאָטיוו
פיל איך בייגעקומען פון אַ באַגער
נאָך אומבאַפלעקטער יוגנט און כימערישער אומשולד,
נאָך הייראַט, פאַמיליען לעבן, אַ גרונט אונטער מיינע פיס,
און נאָך אַזעלכע ענדגילטיקע קאָנווענציעס פון דער מענטשלעכער ראַסע.

ב

# וואַליוטע

נאָכפאָלגנדיק דעם דאָלער אָך נאָכפאָלגנדיק דעם דאָלער האָב איך דער־לערנט דריי ארטן עסן־מיטן־מעסער און באַשטעלט ביר אין פיר שפראַכן ביי אַן אונגאַרישן קעלנער ווייל נאָכפאָלגנדיק דעם דאָלער אַרום דעם אַכט און פערציקטן גראַד פון דער צפון ברייטקייט וואו מען קריגט פאַר אים אַממערסטן דאָרט איז דאָס פאָטערלאַנד

נאָכפאָלגנדיק דעם דאָלער מיט די גרויע קאַנאַל ימים מיט בלויע ימים אין איטאַליע מיט גרויע אָזערעס אין די אַלפּן אַזוי בלוי ווי אַנילין בלוי מיט אָזערעס אַזוי גרין ווי אַ פלעשל גרינע טינט און טינט־באַשמירטע בערג אויפשטייגנדיק פון יעדער זייט
האָב איך איינגעטונקען מיין פינגער אין דער אָזערע און געשריבן. א י ך וו ע ל ק יי נ מ אָ ל נ י ט צ ו ר י ק ק ע ר ן ק יי נ מ אָ ל נ י ט א י ן מ יי ן פר ע מ ד ל אַ נ ד

מיין לאַנד וואו פליינען זיינען טאָג־טעגלעך פונאַנדערגעצויגן וואו פליי־נען זיינען פונאַנדערגעצויגן און צוגענאָגלט ווי אַ ברוסעל־טעפּיך וואו

װעלדער ברענען אין געשעפט־שעהן טאָג־טעגלעך װאו געלע נאָמענלאָזע טײכן לױפן און װאו

שטעט שטעלן זיך טאָג־טעגלעך אױף זײערע קעפ און דריגען מיט שטאָל־צע פיס אין דער לופט

מײן לאַנד פון קאַובאָיס פון געשעפטלײט פון פעדלער פעדלענדיק מאַ־שינערײע פאַר קאָכן אײער דרײ מינוט פינקטלעך דרײ מינוט װאָרים יעדע מינוט װערט געבױרן אײנער אין מײן לאַנד

אומפאַרשטענדלעך און זיס און װײט װאו דאָגלאַס פעירבענקס הײראַט אונדזער לוסטיקע מערי און נעמענדיק דעם בראָנקס עקספּרעס זעגלען זײ

אַװעק װײט װײט אַװעק אין אַ פּאָטאָגראַפירטער זעליקײט װאָס איך װעל קײנמאָל ניט באַגרײפן

פיר מלאכים געטובלט אין גלאָריע באַװאַכן מײן לאַנד

בײ דער צפון ראָגאַטקע טעאָדאָר רוזװעלט בײ דער מערב ראָגאַטקע טשאַרלי טשאַפּלין בײ דער דרום ראָגאַטקע דזשעק דזשאַנסאָן שװאַרצ־לעך נאַקעט און

ביים מיטלסדיקן אַריינגאַנג אַ טיף־פּראָווינץ פידלער פון קלאַריאָן קאונ־
טי סקריפּענדיק מיט אַן „אינדיק אין שטרוי” און אַ „האָ האָ האָ” און
אַן „אינדיק אין היי” און

איך וועל קיינמאָל דאָס סקריפּען ניט הערן אָך ווייטער ווי אַטלאַנטיס
איז דאָס לאַנד

וואוהין איך וואָלט געקאָנט זיך מאָרגן אומקערן וואָלט איך וועלן

אָבער איך וועל זיך ניט אומקערן קיינמאָל

וועל קיינמאָל ניט הייראַטן מיין בלייכע אַלאַסקאַ בתולה

קיינמאָל ניט ליגן אין דיינע אָרעמס אַ „טעקסעס ראָוז.”

ע. ע. קאַמינגס

# ליד

דיכטער בייטלשניידער און טרוקענע גאָרגלס
זינט מיר ווערן אָפּגעשמיסן און אַנטשלייפט פון ליאַלקעס לאָמיר
ניט כסדר זיין דערשטוינט ווען ס׳זאָל
פון זייערע האַנדלונגען און רעדעס
זעגשטויב אומאויפהערלעך רינען

גיכער איז עס צווישן אַזאַ בעטגעוואַנט און
אונדזער אייגענעם צעביילן מערקזאַם
ווי אַזוי אין דעם פונדאַמענטאַלן זין דער וואויל
אנערקענטער קינדהייט־סדר איז איבערגעדרייט קאַפּויר

דערווייל אין חלומען לאָמיר אונטערזוכן
גרינטלעך איטלעכער זיין „אָפּטימאַ רערום" צוערשט
זייענדיק פּאָרזיכטיק צו ליגן אויף אונדזערע
בייכער צוליב גרעסערער באַקוועמקייט און כדי
געשטראָפטע אונטנס זאָלן ניט אונטערברעכן פילאָסאָפיע.

גלעדים קראַמוועל

# די פלעדערמויז

איבער דעם טייך פון ליידן, ברייט
דיינע געל־גרויע פלעדערן צעשפּרייט.
קיל איז דער טייך. גליטש זיך
צווישן דיביימער. אַנטליי
די בנעימותדיקע פּיס פון אַ פליענדיקער
חיה. דיינע פליגלשפּיצן פאַרוואַנד
מיטן בלעטערווערק. אָ, דו אַלזעענדיקע,
זיי נאַכטס געהאָרכזאַמער פריינד.

אַ פינצטערער פלעדערמויז זיינען
אַלע אַנגסטן קיל און טרויעריק און זיס.
קיין וואונדער וואָס ס׳שרעקן דיך די פּיס
פון פרימאָרגן מיט זייער קעציש שיינען.
ווען פון מזרח שאַריעט אין שלייכן
דער קאַיאָ פּענטנדיק דיינע פליגל
ווערט מיט טונקל דיין אויג פאַרזיגלט,
דו טרוימער פון טונקעלע זאַכן.

ווען דער באַגינען הויבט אָן קוואַלן
טראָט ביי טראָט פון מזרח מיט געהיימע שטראַלן
באַטראָגן די ראָלנדע פלעדערן
דיין אָנוועזנהייט, פויגל־און־חיה,
טויכנדיק צו אַנגסטיקע הויכן אויף
מיט רויכיקער באַוועגונג. פרייד אומגעהויער
הויפט פלאַמאַרטיק דורך די שעהן צונויף
דיינע אַשיקע ליידן און טרויער.

פאַרבלענדט פון מיטאָג העלשיין
געווינט דיך צוריק אָפּ די חשך־טראַכט
און די שטיינקאָלירטע נאַכט
באַשטרעבן די אַש־פליגל דיינע.
גיב זיך אונטער. איז דען ניט מעגלעך
אַז ס׳איז ליב די זיפצנדיקע מאָנאָטאָנקייט?
און וואָס מיר נענען שטאַרבן איז געבאָרנקייט,
ווי פינצטערניש ביי דיר איז גאָר טאָגליכט.

הארט קרעין

# אַפּישע

איבער די פרישע קרייזלעך פון די ברעג־ים וועלן
שינדט העל געשטרייפט קליינוואַרג איינס ס׳אַנדערע מיט זאַמד
זיי האָבן אויסגעפּלאָנט ווי צו באַזיגן מושעלן
און זייערע פינגער דרויבלען רעשטלעך פון געבאַקטן אומקרויט
פריילעך גראָבנדיק און צעשליידערנדיק.

און אין אָפּענטפער צו זייערע דיסקאַנט אויסרופן
שלאָגט די זון מיט בליצן אויף די כוואַליעס,
פּאַלבן די כוואַליעס דונערן אויפן זאַמד;
און ווען זיי זאָלן מיך קאָנען הערן וואָלט איך זיי געזאָגט:

אָ, צעשטראַלטע ציגלעך, שפּרינגט מיט אייער הונט,
שפּילט מיט אייערע מושעלן און שטעקלעך, פאַרבלייכט
פון צייט און די נאַטור־יסודות; נאָר ס׳איז דאָ אַ גרענעץ

איר מוזט ניט אַריבערטרעטן ווי אויך ניט אָנטרויען יענער זייט
די לוסטיקע שטרייפקייט פון אייערע לייבער פּאַר צערטלערייען
צו שטיינמאָכיק געטרייע פון אַ צו־אויסגעשפּרייטער ברוסט.
דער גרונט פון ים איז גרויזאַם.

אַלפרעד קרײַמבאָרג

# עגאָאיסטל

מוזסט ניט שמייכלען ווען איך גלעט דיינע האָר,
דאַרפסט ניט איבערנעמען זיך מיט זיי, די האָר זיינען ניט דיינע;
וואָלט דיין מוטער ניט ליב געהאַט דיין פאָטער,
דיינע צוויי באָבעס דיינע צוויי זיידעס,
דיינע פיר עלטערבאָבעס דיינע פיר עלטערזיידעס,
דיינע אַכט עלטער־עלטערבאָבעס דיינע אַכט עלטער־עלטערזיידעס
אַלזאָ:

ווען דו׳סט אויסוואַקסן
און ליב קריגן אַ אינגל
און איר פאַרוואַקסט זיך איינער אין צווייטן
האָט איר ביידע אַ קינד
דאָס קינד אַ קינד

קינד אַ קינד
קינד אַ
אור־אור־אור־אור־אורא־ייניקל:
זאָג מיר, כ׳בעט דיך, וואָס מאַכט דיך צו שמייכלען אַצינד?

קלאַראַ שאַנאַפעלט

# מאַזשאָר

פידלען גאַלאָפּירן אין בערגבלוי אַריין
מיט סוויסטשנדיקע פערדגריוועס.

קום, לאָמיר אַרויפשפרינגען אויף זיי,
אָפּ אין לאַנד פון טערקיז און בורשטין —

דאָרט וואו דו וואַרפסט אָפּ פון זיך
אין איין אָטעמצוג די זון
און די טאָלן ליגן שמייכלענדיק,

אַרויס אין די אָרעמס פון די בערג.

# TABLE OF CONTENTS

## BOOKS BY MICHEL LICHT

EGOEMEN AND OTHER POEMS: New York, Farlag "In Sich", 1922.

VAZON: New York, Farlag "Yiddish Leben", 1928.

PROTZESIES AND OTHER POEMS: New York, Farlag "Gelie", 1932.

LETZTE LIEDER: Buenos Aires, 1954.

## TRANSLATIONS

"JURGEN" BY JAMES BRANCH CABELL: New York, Farlag "Grohar and Stodolsky", 1929.

MODERN AMERICAN POETRY: Buenos Aires, 1954.

